ב. זאבארע



קינדער־דערציילונג

מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
נאצסעקטער מינסק 1933

רעדאקטער — ש. דובראווישקי
ליטקארעקטור — האדער
טעכרעדאקטער — קארפינאוויטש

אפגעגעבנ אינ דרוק — 11/III 1938 י.
אונטערגעשריבנ צומ דרוק — 10/II 1938 י.
אויסגעזעצט פונ גרינהויז בריגאדע א. נ. מאלאטאוו
פאראנטוואָרטל. קאָרעקטער פונ דרוקעריי — סטריקמאנ

דרוקעריי א. נ. ססאלינ
באשטעלונג 3149.
טיראזש 4000.
גלאחליטבצל 1192

# ראדיאָ-סטאנציע.

צום יאָנטעוו פונ דער רויטער ארמיי זײַנען קינדער פונ א דאָרפישער פיריאָריקער שול געקומען אינ קאזארמע ארײַנ צו די רויטארמייער־ראדיסטנ. זיי זײַנען געווען אנגעלייגטע אונ גאָר וואזשנע געסט, ווײַל נאָכ פונ זומער אָנ, ווענ דער באַ־טאליאָנ איז געשטאנענ אינ די לאגערנ, ניט ווײַט פונעם דאָרפ, האָבנ זיי זיכ ענג פארבונדנ צווישנ זיכ, גענומענ שעפטום איי־נער איבערנ אנדערנ. איז טאקע קיינ כידעש ניט, וואָס מע האָט זיי אזוי שיינ אופגענומענ. מע האָט זיי ארומגעפירט אומעטום, אלצ באווויזנ, דערקלערט אונ באקענט מיטנ לעבנ פונ די רויט־ארמייער, פונ דער קאזארמע, דער קאָמבאט אליינ האָט זיי באַ־גלייט, געענטפערט אפ אלע פראגעס.

— פארוואָס הייסט ער עפעס „מאקסימ" דער פולעמיאָט?

— אונ אָט אינ דעמ פארקאָוועטנ קעסטעלע וואָס איז?

— אינעמ פארקאָוועטנ קעסטעלע? גוט,— האָט דער קאָמבאט געזאָגט,— איר ווילט, וועל איכ אײַכ דערציילנ.

— א מײַסע? ביטע.

— יאָ, יאָ, א מײַסע.

— נאָר אנ עמעסע טאקע, ניט קיינ אויסגעטראכטע, איכ בינ אליינ געווענ דערבײַ.

אינ א פאָר מינוט ארומ זײַנען שוינ אלע געזעסנ ארומ אימ מיט אָנגעשטעלטנ מויל אונ אויערנ אונ זיכ אופמערקזאמ צוגע־הערט צו זײַנ דערציילנ.

בעשאס־מײַסע האָט ער צעעפנט דאָס קעסטעלע, באוויזנ די כעוורע פונ אינעווייניק, וויאזוי סע זעט אויס, אונ אָנגעהויבנ דערקלערנ.

— איר זעט? דאָס איז א ראַדיאָ־סטאַנציע. איר ווייסט וואָס סע הייסט?

— מיר ווייסן.

— אוואַדע.

— בא אונדז אין שול איז דאָ ראַדיאָ.

— יאָ, איז גוט, — האָט ער ווײַטער גערעדט: — יענץ, וואָס בא אײַך אין שול, איז נאָר אַפּ הערן, און דאָס איז אַזא אַפּאַראַט, וואָס מע קען מיט אים איבערגעבן, אַז יענער זאָל הערן. דערפאַר הייסט ער ראַדיאָ־סטאַנציע. ראַדיאָ־סטאַנציעס זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע. דאָס איז די סאַמע קלענסטע, וואָס מע קען זי אפילע טראָגן אפן אַקסל. זי הייסט „אַלבערט".

— אַלבערט?

— א שיינער נאָמען.

— פאַרוואָס עפּעס „אַלבערט"?

— וועגן דעם וויל איך אײַך דערציילן.

אַלבערט האָט געהייסן א קליין יינגעלע, וואָס האָט נאָך אפילע ניט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס ראַדיאָ. פונדעסטוועגן האָט ער אונדז איינמאָל גוט צוגעדינט.

אונדזער פּאָלק האָט געדאַרפט דעמלט אײַנהאַלטן דעם גאַנצן פראָנט אפּ וואָלין. דער סוינע, די ווײַספּאָליאַקן האָבן געוואָלט ווידעראַמאָל א שפּאַר טאָן אפּ קיִעוו. און דאָס איז שוין פון לאַנג באַוווּסט, אַז דער בעסטער מיטל מיט דערפאָלג צו פירן די שלאַכט איז — פריִער פאַר אַלץ זיך גוט באַקענען מיטן סוינע, מיט זײַנע קרעפטן, וויסן, וואָס עס טוט זיך בא אים.

צוליב דעם שיקט מען שטענדיק אַרויס אויסשפּיר־קאָמאַנדעס. איך בין אַנומלטן אַרײַנגעפאַלן אין אָט אַזא מין קאָמאַנדע, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט נעענטער צום סוינע, אין טאַמע פּײַער אַרײַן.

פאָרן מיר אַזוי, רײַטן דורך סאָסנע־וועלדער, דורך פאַרוואָרפענע יישוּווים, כוטערס, און וווּהין מיר קומען ניט, זאָגט מען אונדז, אַז זיי זײַנען דאָ, די ווײַסע. זיי בלאָנקען דאָ ערגעץ אַרום אפּ די וועגן, כאַפּן זיך אַרײַן אָפטמאָל אין א יישוּו, טוען א ראַבעווע, א צינד, א נישטער און פאַרשווינדן.

אין איינעם א כוטער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. מיר האָבן באטראכט די לאגע, זיך אן אייצע געהאלטן, וואָס ווייטער צו טאָן, וווהין און אפ וועלכע וועגן זיך לאָזן, און דעריקער—ווי אזוי איבערגעבן אין שטאָט אריין די ידיעס, וואָס מיר האָבן פארן גאנצן וועג צונויפגעקליבן.

מיר האָבן געהאט איין און איינציקן מיטל—אָט דאָסדאָזיקע פארקאָוועטע קעסטעלע, די ראדיאָ-סטאנציע.

— און טאָמער דערהערן זיי?

— ראדיאָ קענען דאָך אלע הערן.

— דערצו איז פאראנען אן אייצע: מיר גיבן אזוי איבער, אז קיינער אויסער אונדזעריקע קאָן עס ניט פארשטיין. ס'איז בא אונדז פאראן א ספעציעלער שיפער אזוינער, דאָס הייסט צייכנס, סימאָנים אלערליי, וואָס האָבן פארשיידענע באטייטן. און בא יעדער ראדיאָ־סטאנציע איז פאראן א בוך אזא, וווּ ס'איז פאר־שריבן דער באטייט פון יעדן סימען, פון יעדן צייכן. אזוי ארום, מעג דער סוינע וויפל ער וויל הערן, וועט ער סיי ווי ניט פאר־שטיין.

האָבן מיר זיך אויסגעזוכט א געראָטן אָרט אין א טאָל צווישן לעפערעס. פאנאנדערגעוויקלט די ראדיאָ־סטאנציע און זיך פלי־סיק גענומען צו דער ארבעט איבערגעבן די ראדיאָגראמע.

פריער דארף מען נאָך ארויסרופן פונדאָרטן, פון אונדזער טייל, דעם ראדיסט, ער זאָל אופנעמען די ראדיאָגראמע. דאָרט זיצט שטענדיק א דעזשורנער און גיט גוט אכטונג, צי עמעצער רופט אים ניט ארויס, צי עמעצער גיט ניט איבער עפּעס פון זיינטוועגן. מיר האָבן באלד פון אים אן ענטפער באקומען, אז ער הערט אונדז. מיר קענען איבערגעבן.

מיר הייבן זיך אביסל אופ און טוען א קוק ארויס, דערזעען מיר: עטלעכע מענטשן רוקן זיך צווישן גראָז גלייך צו אונדז. מיר זיינען אזש פארצאפּלט געוואָרן. דאָס טרייבל האָט אָנגעהויבן ציטערן אין די הענט.

— וואָס טוט מען?—איז מיין כאווער בלאס געוואָרן.

— מע דארף זיך ראטעווען,—טראכט איך זיך.

— און די ראדיאָ־סטאנציע וועט דאָך אריינפאלן צו זיי אין די הענט ארײן—ציטערט מיין כאווער.

די צײַט שטייט ניט. באַלד זײַנענ די מענטשנ לעבנ אונדז. טראַכטנ לאַנג איז ניטאָ ווענ. מיר האָבנ באַשלאָסנ אַליינ זיכ ארויסקאראַבקענ פונדאַנענ, אונ די ראַדיאָ־סטאַנציע דאָ איבערלאָזנ, וועלנ זיי אונדז פאַקנ, זײַנענ מיר זיכ פּאָשעטע רויטאַרמייער פאַרבלאָנדזשעטע, צי וואָס. וואָס זיי וועלנ שוינ מיט אונדז טאָנ איז פאַרפאַלנ, אַבי די ראַדיאָסטאַנציע איז א געראַטעוועטע.

זײַנענ מיר ארויס, מיר גיבנ א קוק — א יאַטל פונ אײַער עלטער איז פלינק אראָפּ פונ א שטיינ אונ לאָזט זיכ לויפנ גלײַכ צו דער ראַדיאָ־סטאַנציע.

— אָט אנ אומגליק! — טראַכט איכ, — וואָס טוט מענ מיט אימ?

— אָט דער האָט אונדז ארויסגעגעבנ, — קאָכט זיכ מײַנ כאַווער, — אונ אויב אפילע ניט, וועט ער איצט ארויסגעבנ אונדז מיט דער ראַדיאָ־סטאַנציע, ניט ווילנדיק אפילע.

מײַנ כאַווער פּאָרעט זיכ שוינ בא דער קאַבורע, שלעפּט פונ דאָרטנ דעמ נאַגאַנ אונ האַלט שוינ מיטנ פינגער באַמ צינגל.

— שטיי! וואָס טוסטו? וואָס ווילסטו טאָנ? — טו איכ אימ א שלעפּ פאַרנ ארבל.

— מע דאַרפ אימ צעבייטנ, — זאָגט מײַנ כאַווער, — ער וועט דאָכ די ראַדיאָ־סטאַנציע ארויסגעבנ.

— לאָז אָפּ! — האָב איכ אימ א כאַפּ געטאָנ בא דער האַנט — וועסט נאָכ ערגער מאַכנ. זיי וועלנ דאָכ דערהערנ דעמ שאָס טשעפּע בעסער ניט.

ער האָט מיכ געפאָלגט, אונ מיר האָבנ גענומענ מיט אײַנגעהאַלטענע אָטעמס, מיט שפּירנדיקע בליקנ זיכ רוקנ ווײַטער.

אונ מיר האָבנ זייער גוט געטאָנ. ווײַל אָט דאָסדאָזיקע יאַטל! איז שוינ געווענ איינמאָל א יאַט.

מיר האָבנ זיכ אַפּ די ווײַספּאָליאַקנ טאַקע אָנגעשטויסנ. זיי זײַנענ געווענ פיר, אונ מיר — אינצווייענ. פונדעסטוועגנ האָבנ מיר זיכ ניט אונטערגעגעבנ. אַבי זיי האָבנ אָנגעהויבנ נאָכלויפנ נאָכ אונדז, האָבנ מיר זיי פאַרנאַרט ווײַטער אַביסל פונ דער ראַדיאָ־סטאַנציע אונ געעפנט א שיסערײַ. א פּאָר פונ זיי האָבנ מיר דערהאַרגעט. דעמ כאַווער מײַנעמ האָבנ זיי שווער פאַרוווּנדעט, אונ איכ האָב געמוזט אָפּציִענ.

— און די ראַדיאָ־סטאַנציע? און דאָס יאַטל וואָס?

זאָרגט זיך ניט, ניט אומזיסט הייסט די ראַדיאָ־סטאַנציע איצט אַף זײַן נאָמען. איך קום צו לויפֿן אין כוטער אַרײַן, נעם מיט זיך די גאַנצע קאָמאַנדע און מיר לאָזן זיך געשווינד אַהין, צו דער ראַדיאָ־סטאַנציע. איך האָב געטראַכט, אַז איינס פֿון די ביידע: אָדער דער יאַט האָט זי פֿאַרשלעפּט ערגעץ, אָדער געווים האָט ער זיך פֿאַרפֿאַרעט מיט דעם, ווי מיט אַ שפּילכל, און האָט עס צעפּאַטערט.

מיר קומען צו לויפֿן. איך גיב אַ קוק: דער יאַט מײַנער ליגט צעלייגט מיטן טרײַבל אין דער האַנט, אין דער צווייטער האַלט ער אַ פּאַפּירל — אונדזער ראַדיאָגראַמע — און לייענט פֿונדאָרטן אַרויס, ווי אַן עמעסער ראַדיסט.

---

# אַנ עמעסער געבורט-טאָג.

ער האָט זיכ אפילע ניט אויסגעטאָנ, וואדיק. אָט אזויווי ער גייט, מיטנ גאנצנ אָנטאָנ האָט ער זיכ ארײַנגעוואלגערט אינ בעט ארײַנ, זיכ אײַנגענורעט אקשאָנעסדיק, טיפ אינעמ קישנ, ווי ער וואָלט באשטימט קײנמאָל ניט אופהייבנ דעמ קאָפּ פונ דאָרטנ. די שײַנ האָט ער ניט ארויסגעדרייט, די טיר האָט ער איבערגעלאָזט אנ אָפּענע אומיסטנ:

— זייער גלײַכ — זאָלנ זיי זענ!

— ווענ ער זאָל קענענ איצטער דערלאנגענ צו דער ליוסטרע אונ זי צעברעכנ! אָדער ווענ ער קענ מיט אָט דעמ, וואָס איז צעהאנגענ אפּ דער אנטקעגנדיקער וואנט, זיכ אלײנ דערהארגענענ!

ער ווייסט אָבער, וואדיק, אז זיכ אלײנ קענ מענ הארגענענ נאָר פונ א רעוואָלווער.

— אָט, אז ער וועט זײַנ א גרויסער, וועט ער שטילערהייט, אזוי פּאמעלינקעס — פּאמעלינקעס ארויסשלעפּנ באמ טאטנ פונ דער קאבורע דעמ נאגאנ, קײנער וועט אפילע ניט באמערקנ... נאָר נײנ, ער וועט אלײנ האָבנ א נאגאנ, אומבאדינגט האָבנ, ער וועט דאָכ זײַנ א מיליטערישער, ווי דער טאטע.

— אזא פּארדראָס!

באטאָג האָט מענ אימ מאטאָנעס אָנגעבראכט, איצטער אינ טעאטער האָט מענ אימ גענומענ... וויאָסי, טאָמער איז ער עלטער פונ אימ אפּ א פּאָר יאָר! ס'איז דאָכ אָבער יאָנטעוו, אונ זײַנער באגלײַכ מיט סיעמקעס. די לערערקע אינ שול האָט דאָכ געזאָגט: אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז אלעמענס יאָנטעוו, פונ אלע

ארבעטער. אפצולאָכעס וועט ער שוין מאַרגן אויך ניט אופּשטיין... אָט אזוי אָ וועט ער ליגן, קיינעם גאָרניט פרעגן, מיט קיינעם ניט ריידן, אפילו אפ דער דעמאָנסטראַציע וועט ער אויך ניט גיין...

דורך דער אָפענער טיר האָט ער דערהערט דעם טאטנס אָנקומען. דער טאטע האָט זיך אוועקגעזעצט עסן וועטשערע. וואָליע דערציילט אים, ווי די מאמע מיט סיעמקען זײַנען אונ אז ער האָט אויך געוואָלט אין טעאטער ארײַן—דער קליינער, איצטער ליגט ער, דער מעשוגאַעס, אפּן געלעגער, א ברויגעזער.

דער טאטע האָט אופגעהערט עסן. יאָ, ער גייט אהערצו... וואדיק גראַבט זיך נאָך טיפער אײַן אין קישן אונ דערפילט, ווי דער טאטע איז שוין לעבן אים, ער פאָרעט אים:

— וואדיק, וואדיק...

ס׳האָט אים גאָרנישט געהאָלפן, אפילו, אז ער האָט זיך אָנ דעם לײַסט פונ בעט אָנגעשפּארט, אונ, לאכנדיק, אין גוטן מוט, אָנגעהויבן אים צו קיצלען:

— וואדיקל, דו ווערוריק אייגער, וואָס איז דאָס פאר א קאפּריזן!

— א, הער אופּ!—האָט ער אקשאָנעסדיק א שטומען וואָרטשע געטאָן.

אונ ס׳איז טאקע ניט אזוי גרינג זיך אײַנצוהאַלטן אונ זיך ניט צעלאכן, וויאזוי דו זאָלסט ניט זײַן אין קאס. ביפראט נאָך, אז אפּן טאטן איז ער גראָד ניט אזוי שטארק ברויגעז. אָט שטראָפּט ער אים אונ איצטער אזוי לאשטשענדיק אונ ציט אים בא דער האנט.

— נא, זע, ווערוריקל, אָט האָב איך דיר אויך געבראכט א מאטאָנע.

ווילט זיך אים דאפּקע, וואדיקן, א קערעווע טאָג, א קליינ קוקעלע טאָג אפ דער מאטאָנע, וואָס ...ע האָט אים געבראכט, נאָר ער גיט ניט נאָך, ער טוט נאָר א פרעג ברויגעזדיק:

— סיעמקען אויך?

וויבאלד ער האָט נאָר דערהערט, אז יאָ, האָט ער זיך נאָך שטארקער א גראָב געטאָן אונ דורך די פארביסענע ציינ ארויסגעשיפּעט:

— איך דארף ניט. גייט אוועק! איר האָט סיעמקענ בעסער ליב ווי מיכ...

— פארוואָס איז, נארעלע, פארוואָס מיינסטו אזוי?

— מע האָט אימ אזוי פארפוצט היינט... געקויפט מאטאָנעס... אונ אינ טעאטער מיט דער מאמענ...—האָט ער זיכ אפנ קאָל צעכליפעט אונ ווייטער ניט געקענט ריידנ.

— ס'איז דאָכ היינט עפעס א יאָנטעוו אונ דער געבורט־טאָג זיינער?

— ניט ריכטיק! דער געבורט־טאָג זיינער, דערציילט וואָליע, ווייסט איר אליינ ניט, ווענ ער איז. אונ איר האָט אימ באשטימט אפ היינטיקנ טאָג, ווענ ס'איז יאָנטעוו. כ'וויל אויכ ניט אינ זומער, ווענ אלע צעפאָרנ זיכ, ווענ מע איז אינ לאגער! כ'וויל אויכעט...

— מע קענ דאָכ אָבער ניט, נארעלע דו,—האָט זיכ דער טאטע צעלאכט.—אָט וועל איכ דיר דערציילנ, וועסטו וויסנ, פארוואָס עס פאלט צונויפ מיטנ יאָנטעוו זיינ געבורט־טאָג.

ס'איז געווענ שוינ לאנג, לאנג דערינענ, אויכ אינ אזא מינ טאָג ווי איצט, ערעוו דעמ אָקטיאבער־יאָנטעוו. איכ מיט דער מאמענ זיינענ דעמלט געווענ אינ טעאטער. ס'איז געווענ שפעט באנאכט, ווענ מיר זיינענ ארויסגעגאנגענ, דו ווייסט אָ, דאָרטנ אפנ וועג פונ אָפּערע־טעאטער, וווּ עס שטייט דאָרט די גרויסע ווייסע געביידע, איז נאָכ דעמלט געווענ א כורווע, א רויִנע. אָט פונדאָרטנ אָ זיינענ זיי ארויסגעלאָפנ א גרופע כעוורע, יאטלעכ אזוינע, אָפגעריסענע, הונגעריקע—אונ גלייכ אפ אונדז, גלייכ צו דער מאמענ. זיי האָבנ א ריס געטאָנ פונ איר האנט דעמ רעדיקול אונ זיכ צעלאָפנ. איכ האָב גאָרניט געקאָנט מאכנ. זיי זיינענ געווענ אסאכ, אונ פלינקע אזוינע. איינעמ האָב איכ געכאפט, נאָכ גאָר א יונגעטשקנ. ער האָט ניט געוויינט, ניט געשריגנ, נאָר זיכ געריסנ, א שמייכלדיקער, פונ מיינע הענט.

— לאָז אימ אָפּ,—בעט זיכ בא מיר די מאמע,—אונ נעמ א דראָזשקע: ס'איז מיר ניט גוט.

נאָר אָפּלאָזנ אימ האָט זיכ מיר זייער ניט געגלוסט,—כאָטש איינעמ אנ איינציקנ אָפּראטעווענ. צומ גליק איז פונקט אונטער־געפאָרנ א דראָזשקע. מיר האָבנ זיכ ארופגעזעצט, אימ אויכ

ארופגעשלעפט, און איך האָב באַשטימט, אַז מאָרגן שוין, ניט היינט, וועל איך אים אָפּפירן אין מיליציע.

און ס'איז געקומען דער מאָרגן, דער יאָנטעוו. ס'איז דעמלט געווען דער זיבעטער יאָרטאָג. פאַרשטייסט, וויפל יאָר איז שוין דאָ? דער וויפלטער איז היינט?

— דער פופצעטער.

איז שוין דאָ אַכט יאָר אינדערינען. אַפ דער דעמאָנסטראַציע זיינען מיר שוין דעמלט ניט געגאַנגען. די מאַמע איז שטאַרק פאַרשלאָפט געוואָרן. איך האָב שוין דעמאָלט ניט אינזינען געהאַט אים אָפּפירן אין מיליציע. ער איז אופגעשטאַנען ערשט אַרום האַלבן טאָג, שוין העט נאָכדעם, ווען די דאָקטוירים זיינען געווען און דער מאַמען איז געוואָרן לייכטער. זי האָט דעמאָלט דאָס שוועסטערל געבוירן, אָט דאָס, וואָס איז געשטאָרבן. און אַפ אים האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט ערשט פאַרנאַכט צו. ער איז אַליין אַרײַן אין שלאָף־צימער, אַ שיין פאַרמורזעט יאַטל, אָט אַזוי, ווי דו איצט, אין דיין עלטער, און האָט געבעטן עסן. אויב ניט, זאָגט ער, וועט ער באַלד אַנטלויפן. ער איז אונדז ביידן געפעלן געוואָרן, און מיר האָבן באַשטימט אים איבערלאָזן פאַר אַן אייגענעם, פאַר אַ זון.

אָט דאָס איז געווען סיעמקע, אונדזער סיעמקע.

איצט פאַרשטייסטו שוין, פאַרוואָס איז זיין געבורט־טאָג היינט?

---

# לערנען מוזן אַלע קינדער.

דער טאטע זײַנער, מאקארס, איז א דראָזשקאר. ווען ער פאָרט ארויס מיטן געשפאנן זײַנעם, זעט ער קיינמאָל ניט, איזיע. די מאמע זאָגט, אז פאַרטאָג, נאָך איידער עס הייבט אָן צו טאָגן.

דערפאר אָנקומען זעט ער אים שטענדיק. אַלע טאָג קימאט. פארנאכט, ווען די זון פארגייט שוין, פאָרט ער ארײַן אין הויף מיט א קוראַזש, מיט א געפילדער, שפרינגט מיט די גומענע רעסאָרן, איבער די שטיקלעך ברעטלעך, קלעצלעך, וואָס דאָס ווײַב זײַנס האָט צונויפגעשלעפט אפ מאָרגעדיקן טאָג.

מאָרגן, אויב ס'וועט בא אים זײַן אן ארויסגאנג־טאָג, בא איזיען, וועט ער זען, ווי זי צעזעגט, צעהאקט אפ גלײַכע טיילן דאָס געהילץ דאָס גאנצע, לייגט דאָס צונויף אין בערעמקעס, פארדראָטעוועט דאָס און טראָגט דאָס ארויס אפן מארק.

אזוי דערציילט אים מאקאר, ער גייט אויך מיט איר אפן מארק.

טינע וויל זיך דערפאר מיט אים ניט כאווערן, מיט מאקארן. אינדערפרי, ווען זיי גייען איבערנעם אפן קינדער־פלאץ, דערציילט זי אים, אז די מאמע זאָגט איר, אז זי זאָל זיך ניט דערוועגן מיט אים האָבן צו טאָן. ער איז א אומווירדיק קינד. לערנען גייט ער ניט, און אז ער וועט אויסוואקסן, וועט ער אויך זײַן, ווי דער טאטע זײַנער,—א אומלײַט, א שיקער, וואָס מאכט גוואלדן, ווען ער טרינקט זיך אָן, צעטרײַבט פון שטוב דאָס ווײַב, די קינדער. און ער, מאקאר, מוז אנטלויפן צו אים, צו איזיען, אין קאָרידאָר ארײַן, און איבערווארטן ביז די מאמע זײַנע וועט אים נאָך לאנגע מאטערנישן בארויִקן, ארײַנשלעפן אים אין שטוב ארײַן און אים באלייגן. ער איז דעמלט אזוי אין קאס אף זיי, מאקאר, אף טינען מיט די איבעריקע קינדער.

וואָס שטעלן זיך אוועק אינמיטן הויף און לאַכן אים גלײַך אין די אויגן אַרײַן, דעם שיקערן טאַטן.

איצטער, אַז ס'האָט אָנגעהויבן רעגענען, און דרויסן איז געוואָרן אַ קעלט, גייט ער שוין אײנײנעם מיט טינען אויפן קינ־דער־פּלאַץ. ער גייט שוין טאַקע אין שול, ווי אַ גרויסער, אין אַ עמעסער ייִדישער שול, אין דער ערשטער גרופּע. און טינע — ווייסט ער ניט. ער זעט זי קיינמאָל ניט. עפּשער לאָזט זי די מאַמע ניט אַרויסגיין אין אַזעלכע וועטערס. צי עפּשער איז זי ערגעץ אוועקגעפאָרן. דערפאַר איז אים אַזוי אומעטיק אַלע אינ־דערפרי אַרויסגיין פונעם הויף. מאַקאַרן זעט ער יאָ דאָ אַמאָל, נאָר ער גייט דאָך אָבער ניט אין שול. ער איז נאָך אַ באָרוועסער, מאַקאַר. שטייט טאָמיד בײַ זיך, אויף דער שוועל בײַ דער טיר. ווען ער רופט אים, איזיע, צו זיך אין קאָרידאָר אַרײַן, ווײַזט ער אים אויף די באָרוועסע פיס, אויף דער נאַסקייט, וואָס איז אין הויף, און אויפן וועטער. ער האָט שוין איינמאָל געבעטן דער מאַמען, איזיע, לאָזט זי אים ניט, פאַר קיין אויפן ניט.

— אויף וואָס דאַרפסטו צו אים? זעסט ניט, ווי ער איז אַן אומ־לײַט. אין שול גייט ער ניט, קאָמאַנדעוועט שטענדיק.

אַז די מאַמע איז איינמאָל אוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן, איזיע. ער האָט צונויפגענומען אַלע שפּי־לעכלעך, די נײַע ביכלעך און איז אַרײַן צו אים זיך באַרימען, באַווײַזן.

— אָט די שטיוועלעך, — האָט ער זיך באַרימט פאַר מאַקאַרס מאַמען, — האָט מען מיר אין שול אַרויסגעגעבן. מע האָט מיר אויף אַ פאַלטעלע אויך פאַרשריבן.

נאָר ער האָט שוין ניט געהערט דעם ענטפער, וואָס מאַקאַרס מאַמע האָט געגעבן. זי האָט עפּעס אָנגעהויבן וואָרטשענדיק, און ער איז שוין געווען פאַרנומען מיט דערקלערן מאַקאַרן דאָס נײַע ביכל, דאָס ייִדישע, וויאַזוי מע דאַרף דאָס האַלטן, ניט אַזוי, אַז ס'זאָלן זײַן די מענטשעלעך מיטן קאָפּ אַראָפּ.

— און מיך וואָלט מען צוגענומען אין שול? — פרעגט מאַקאַר.

— מע דאַרף ניט, — האָט אַ וואָרטשע געטאָן די מאַמע, — דיר וועט מען סײַווי גאָרניט געבן. אַזוינע ווי מיר גיט מען קיינמאָל גאָרניט.

איזיען איז דאָס אַרײַן אין נאָז. ער האָט אָנגעהויבן אָפּט טראַכטן וועגן דעם. ס'וואָלט אים געווען אַזוי גוט, מאַקאַר גייט אין שול.

— מאַמע,—האָט ער אײנמאָל אַ פרעג געטאָן,—וויפל צאָלסטו פאַר מיר אין שול?

— ניט דײַן אײסעק. גײ, אַבי דו לערנסט.

— שלעכט—האָט ער געטראַכט, איזיע,—זײַנע עלטערן, מאַקאַרס, וועלן ניט וועלן פאַר אים צאָלן. זײ פאַרדינען אַזוי אויך ווייניק,—קלאָגט זיך פאַר אים שטענדיק מאַקאַר.

— דו מײנסט אַזויװי דײַנע, וואָס גייען אַלע טאָג אַוועק צו דער אַרבעט, און קומען פאַרנאַכט מיט פולע קעשענעס געלט. מײַן מאַמע, ביז וואַנען זי שלעפּט צונויף געהילץ, מאַכט פון דעם אַ בערעמ, און אַמאָל באַדאַרף מען נאָך קויפן דאָס געהילץ, באַצאָלן פאַר דעם.

אַפּמאָרגן איז איזיע צוויי מאָל אַרײַן אין לערער־צימער און מיט דער לערערן ניט געקאָנט ריידן. אַלע מאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז וויבאַלד ער וועט נאָר אָנהײבן, וועלן אַלע אַנשוויגן ווערן און וועלן זיך צוהערן צו אים. פון דעם אַלײן ווערט ער שוין רויט און גײט אַרויס פון לערער־צימער.

— כאַוורטע ריווע,—האָט ער זי פאַרהאַלטן בײַ דער טיר פון קלאַס פאַרן אַרײַנגײן אַפן לימעד.

זי האָט אַ טראָט געטאָן אַפ צוריק, זיך אָנגעבויגן און אויסגעהערט די גאַנצע מײַסע מיט מאַקאַרן, מיט זײַן טאַטע־מאַמע, וואָס וואָלטן אים ניט געלאָזט גיין לערנען.

— גוט. מאָרגן קום מיט אים. מיט די עלטערן וועלן מיר דורכקומען. און דו האָב קײן מוירע ניט... וועסט אים ברענגען?— האָט זי געפרעגט צום לעצט, ווען זי האָט שוין געעפנט די טיר פונעם קלאַס.

אינדערהיים איז ער שוין ניט אַרײַנגעקומען. ער איז גלײַך צוגעלאָפן צו מאַקאַרן. און בײַ דער טיר איז ער אַ פאַרסאָפּעטער געבליבן שטיין. באַלד זיך אַ כאַפּ געטאָן צום פענצטער, היטנדיק זיך, די מאַמע זאָל אים ניט דערזען. און אין פענצטער האָט ער מוירע געהאַט אַרײַנקוקן. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דער טאַטע גוואַלדעוועט שוין דאָרט, און שלאָגט אים, מאַקאַרן,

אים, דער מאמען זייַנער. וויאזוי זשע פאקט מען אים ארויס, מאקארן?

אפמאָרגן האָט ער אפן ערשטן לימעד שוין פארשפעטיקט. די וועכטערן האָט אים אויסגעלאכט, איזיען:

— עס וועט שוין באלד זייַן דער קלונג, און צו דיר וועט מען שיקן א וועקער.

מאקארן האָט זי אינגאנצן ניט געוואָלט אריַינלאָזן:

— וואָס פאר א כאוועך האָסטו דאָס אויסגעזוכט.

זי האָט אים באטראכט אין די שקראַבעס, אינעם שאלעבל, וואָס ער איז ארומגעקוטעט.

— נישקאָשע, די לערערן האָט געהייסן,—האָט ער זיך געבעטן.

דער לימעד האָט זיך געענדיקט. אלע קינדער האָבן געטאָן א שפאר ארויס נאָך דער לערערן. און האָבן אים באלד בא מערקט, איזיען.

— פארלאָרן.

— פארלאָרן דעם געזעט.

— א וועקער.

— א וועקער דארף מען אים שיקן.

מאקארן האָבן זיי באלד ארומגערינגלט. ארומגערינגלט און באטראכט פארכידעשט, ער איז געשטאנען אראָפגעלאָזט דעם קאָפ און ניט געוווסט, וואָס עס טוט זיך ארום אים.

— פארוואָס האָסטו פארשפעטיקט, איזיע?

— אפ א גאנצן לימעד פארשפעטיקט.

— ער וויל זיך נאָך מיט מיר פארוועטן, כאווערטע ריווע,— האָט א יאטל אויסגעשריגן צו דער צוגייענדיקער לערערן.

— ער איז א שלאָגלער אזא.

— שאט, הערט אוף שרייַען! וואָס איז דאָס פאר א כאווער?

— א פארוואָרלאָזטער עפעס,—האָט איינער א לאכ געטאָן אין פויסט אריַין.

די לערערן איז געוואָרן רויט, געזוכט מיט קאס צווישן די קינדער דעמדאָזיקן. און די קינדער זייַנען געוואָרן ערנסטער.

— נו, איזיע, וואָס זשע שווייַגסטו.

— איך האָב געוואָרט אפ מאקארן, ער האָט זיך געדארפט ארויסגאנווענען פון די עלטערן.

— אהא, דאָס איז דער...

— מאקאר,—האָט זיך עמעצער א שטיק געטאָן.

— ער וועט לערנען בא אונדז אין שול?

— ער קען דאָך ניט ריידן.

ס׳זײַנען צו אנדערע לערער, די פארוואלטערן.

די כאוורטע ריוע האָט קוים אײַנגעשטילט די כעוורע, אריינגענומען אין לערער־צימער איזיען מיט מאקארן. זיך פאַנאנדערגעפרעגט. און ערשט דעמלט איז פאר איזיען קלאָר געוואָרן זײַן טאָעס. ער האָט זיך דערוווּסט, אז מאקאר וועט ניט קענען לערנען מיט אים איניינעם, נאָר איין טאָג כאָטש זײַנען זיי געזעסן אף איין פארטע. אפמאָרגן האָט מען אים איבערגעפירט אין א צווייטער שול, טאקע אין דערזעלביקער, וווּ עס לערנט טינע.

מ׳האָט אים אויך ארויסגעגעבן א פּאָר שטיוועלעך, א פּאַלטעלע! און די טאטע־מאמע מאקארס זײַנען גאָר ניט געווען אין קאס אף איזיען, פארקערט, זיי זײַנען נאָך געווען צופרידן. און פאר אלעמען, פאר יעדערן האָבן זיי דערציילט וועגן דעמדאָזיקן אופטור זײַנעם, איזיעס.

---

# האַנס דער פּיאָנער.

זײַן אַ פּיאָנער אין דײַטשלאַנד איז ניט פֿון די גרינגע זאַכן. האַנס איז אַלט זעכציק עלף יאָר, נאָר ווײסן ווײסט ער שוין וועגן אַלצדינג: וועגן פּינפּיאָר, וועגן ראַטן־רוסלאַנד, וויאַזוי עס לעבן דאָרט די פּיאָנערן. וואָס דאַרפֿט איר מער? מע האָט זיי ערשט ניט לאַנג, די פֿאַמיליע זייערע, אַרויסגעזעצט פֿון דער דירע, וווינען זיי אין דער הינטערשטאָט, אין אַ באַראַק צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע אַזוינע פֿאַמיליעס, דערקלערט ער זיי, דעם דראָזיקער האַנס, אַלעמען, אַפֿילו די עלטערע, פֿאַרוואָס מע וואַרפֿט זיי אַרויס פֿון די דירעס, פֿאַרוואָס מע קריגט אַצינד קיין אַרבעט ניט און וואָס די אַרבעטער דאַרפֿן טאָן, אָט אַזאַ מין יאַט איז האַנס.

אָט איצטער, אַ שׂייגער, פֿעלט אים מער ניט ווי צוויי זאַכן: ערשטנס, עפּעס איבערקײַען. פֿון נעכטן אָן האָט ער נאָך אין זײַן מויל ניט געהאַט, אַכוץ אינדערפֿרי נעכטן דאָס ביסל טוכלע זופּ, וואָס ער האָט קאַם מיט גרויס מאַטערניש אויסגעשטאַנען אין קינדער־גאָרקיך: צווייטנס, דאָס איז געלט. ניט קיין סאַך דאַפֿקע—מער ניט, ווי אַ האַלבן מאַרק. נאָר ווו קריגט מען אים אָבער? ער האָט שוין דורכגעטראַכט ווו אַ מיטל אין דער וועלט, און ס'איז גאָר קיין אייצע ניט געווען. און דאָ דאַרף ער עס אַזוי געניטיק ביז גאָר. דער לעצטער טאָג הײַנט. אַף אים שטייט די וועלט. ווען ער שין הײַנט ניט באַקומען, איז פֿאַרפֿאַלן. ער איז שוין באַדײַ הײַנט ניט געגאַנגען אינדערפֿרי אין גאָרקיך אַרײַן. ער וואָלט באַדאַרפֿט דאָרטן העכער אַ האַלבן טאָג אָפּשטיין. דערפֿאַר איז ער איצט אַזוי הונגעריק, אַזוי אויסגעמאַטערט.

די בערלינער גאסנ זייַנענ ברייט, לאנג, די טראָטואַרנ אָנגעפּיקוועט מיט מענטשנ, אונ קיינער וויל ניט פאַרלירנ עפּעס. וועגנ ארבעט געבנ איז שוינ אָפּגערעדט. ווי זשע וועט ער טאקע נעמענ דעמ האלבנ מארק? ער האָט שוינ עפּשער א האלבע שטאָט אויסגעשפּאנט. אפנ וואָקזאל איז ער שוינ געוועג, געמיינט דאָרטנ עפּשער קריגנ א פאַרדינסט, האָט זיך מיט אימ שיר ניט געטראָפנ א מיִעסע מייַסע:

עפּעס איינער א באַבּרילטער איז ארויס פונ וואָקזאל־טויער מיט צוויי הויכע טשעמאָדאנעס אינ די הענט. איז האנס אימ פארלאָפנ דעמ וועג אונ, מיט א פאַריסענעמ קאָפּ ארופ, גלייַך צו די ברילנ אויסגערופנ:

— הער... בירגער, דערלויבט, איך וועל אייַך העלפנ.

— איך ברויך ניט.

— וואָס ארט אייַך?—האָט ער אימ אָנגעהויבנ בעטנ אונ אייַנריידנ אונ נאָכגייַנ פוס־טריט. איז ער זיך מעיאשעוו, אָט דער באַברילטער, שטעלט אראָפּ ביידע טשעמאָדאנעס אפנ ברוק אונ טוט א קוויטשע ארויס מיט א גרילציק פארזשאווערטנ קעלכל.

— שוצ־מאנ! שוצ־מאנ!

דער באַבּרילטער האָט, ווייַזט אויס, געמיינט אפ האנסנ, אז ס'איז א גאנעוו.

האנס האָט זיך אָפּגעטראָגנ באצייַטנס.

גייט ער שוינ אזוי פונעמ וואָקזאל פארומערט, פול מיט הארצווייטיק, מיט פארדראָס אפ דער גאנצער וועלט, אפ דער גאנצער שטאָט אונ מערער פונ אלעמענ—אפ זיך. געדארפט געוועג נאָך פריִער מיט עטלעכע טעג אָנהייבנ עפּעס טאָנ, ניט איצטער, ווענ דער יאָנטעוו איז שוינ אפ דער שפּיצ נאָז. ביז איצט וואָלט ער שוינ געוויס געפּאקט ערגעצ דעמ האלבנ מארק. ער וואָלט שוינ איצט געהאט דעמ מעטער רויטנ צייַג, א סערפּ אונ א האמער וואָלט ער דערופ אויסגעהעפט, א פּיִאָנער מיט א טרומייט בא דער זייַט, אונ מאָרגנ צו דער דעמאָנסטראציע וואָלט ער צוגייַנ אפנ פלאצ מיט דער פאָנ אינ האנט. שפּעטער פונ אלעמענ וואָלט ער געקומענ. ווענ די גאנצע מאכנע וועט שוינ שטיינ אויסגעשטעלט, וואָלט ער זיך דורכגעשלאָגנ צו זיי אונ אלעמענ איבערגעראשט:

— כאווײרים פֿיאָנערן, לעבן זאָל דער ערשטער מײַ! נאַט, כעוורע, אָט האָבן מיר אויך א רויטע פֿאָן, אַן אײגענע, טאַקע פֿון אונדזער מאַכנע.

— ווּ האָסטו זי גענומען, האַנס?

— וואָס אַרט אײַך, אַבי זי איז דאָ!

אין דער ערשטער ריי פֿאָרויס פֿאַר דער גאַנצער מאַכנע— ער מיט א רויטער פֿאָן אין דער האַנט, און מע זינגט:

— מיר פֿיאָנערן...

ער קוקט זיך אום—ער איז אַפֿ דער בעלוויגאַס, ווּ זײ האָבן אַמאָל געוווינט צוריק מיט א יאָר דרײַ, אָט איז דאָס הויז פֿון דאָקטער עוורס. זײ האָבן אַמאָל דאָ געוווינט אין שכײנעס.

אָט איז פֿריץ, דעם דאָקטערס יינגל, א באַקאַנטער.

— האַנס?

— פֿריץ?

— ווי קומסטו אַהער? ביסט געקומען צו מיר?

און פֿריץ צעעפֿנט די פֿאָרטקע און ער שלעפּט אים אַרײַן אין הויף אַרײַן.

א צ̣יכטיקער הויף מיט אַן אַספאַלטענעם פֿאָל.

אַפֿן אַספאַלט וואַלגערן זיך שפּילעכלעך, א פּילקע, וואָס איז גרעסער פֿון דער קלײנער מאַטילדע, פֿריצס שוועסטערל.

זי האַלט אין אײן ראַנגלען זיך מיט דער פּילקע און קען זי בעשומויפֿן ניט אופֿהײבן.

פֿריץ האָט אים גענומען אויסדערצײלן פֿון זיך, פֿון דער שול, און אַז הײַנט, פֿונקט הײַנט אַפּדערנאַכט, האָט ער אַפֿ זיך אַזאַ מין אַרבעט, אַז ער וואָלט א באַלן געווען, האַנס זאָל אים א טויווע טאָן.

אָט וואָס:

די שול האָט אים אויסגעטײלט, ער זאָל אַרויסטרעטן אַפֿ אַן אָוונט אין עפּעס א קלוב. ער דאַרף דאָרט דעקלאַמירן א ליד, און ער האָט עס אַזוי פֿײַנט. און ווען האַנס איז א גוטער און וויל אים פֿאַרבײַטן, גײן אָנשטאָט אים.

— וואָס הײסט פֿאַרבײַטן? וויאַזוי?

— קײנער וועט ניט וויסן. ווער קען אונדז דאָרט? אַלע וועלן מײנען, אַז דאָס בין איך, פֿריץ עוורס, און דעריקער,—האָט

ער אים געזומענע פּארטרויען א סאָד,—איך מוז הײַנט זייער גענייטיק זײַן אפ א פוטבאָל־מאטש.

— נו, גוט,—האָט אים האנס איבערגעשלאָגן אינמיטן,— א האלבן מארק.

— אפילע א גאנצן. דו, נארעלע. ערן וואָרט, א גאנצן מארק! כ׳וועל איבערגעבן מײַן כאוויער פאר דיר אין די אויגן. און באלד נאָכן איבערלייענען באקומסטו אים. אבי דו וועסט אויס־פילן.

געווען איז אזוי:

זיי שטייען שוין הינטער די קוליסן. האנס קען שוין אפ אויס־ווייניק די ליד, וואָס ער דארף איבערלייענען.

מע האָט אים ארויסגעשטופּט אפ דער בינע. ארום און ארום א גרויסער עולם. פּנים, פּאָנעס, נאָר שווארצע, פינצטערע. באם טיש—דערוואקסענע אין שווארצע פראקן מיט געציילעמטע צייכנס... וווהין איז ער דאָס ארײַן?—טראכט זיך האנס,—און וואָס רעדט ער, אָט דער, וואָס באגריסט איצטער? ער שיט פײַער אפ די פּיאָנערן, אפ די קאָמוניסטן, וואָס בונטעווען די שול־קינדער. אלע שווײַגן, הערן אים אין דער שטיל אויס. דאָס זײַנען דאָך פאשיסטן!

— פריץ עווערס,—האָט ער דערהערט זײַן פרעמדן נאָמען. האנס האָט זיך אוועקגעשטעלט און טיקעפ אָנגעהויבן לייע־נען. איבערגעלייענט די ערשטע צוויי שורעס און זיך פארהאקט. ער האָט ווײַטער ניט געקענט...

וואָס טוט ער?

ניין, ער וועט זיי בעסער ארײַנזאָגן אלעמען אין פּאָנעם ארײַן... עס זאָל זיי ווערן ניט גוט...

און ער האָט אָנגעהויבן.

גערעדט האָט ער וועגן מאָרגעדיקן טאָג. וועגן דעם ערשטן מײַ, וועגן די פּיאָנערן, וועגן דעם ראטנלאנד. פלוצים האָט ער דערפילט א טשמעל איבערן פּאָנעם, איינמאָל און נאָכאמאָל.

אין א רעגע ארום איז ער שוין געווען אפ דער גאס. ער איז געווען הונגעריק און אָן דעם מארק. דערצו געכאפּט קלעפּ, נאָר ער איז געווען צופרידן.

און האנס איז געקומען אהיים און דערציילט די מײַסע, האָט אים דער פֿאָטער געקלאפּט איבער דער פּלייצע און געמונטערט.
— זייער גוט, גוט אזוי, וועסט שוין זײַן א באָלשעוויק.
אפֿ דער דעמאָנסטראציע זײַנען זיי ארויס צוזאמען. דער טאטע איז אוועק צו די גרויסע, און האנס צו די פּיאָנערן. אלע־מען האָט האנאָע געטאָן די געשיכטע אפֿ דעם פֿאשיסטישן אָוונט. מע האָט אים געריסן פֿאר די פּאָלעס, ער זאָל זי איבער־דערציילן נאָכאמאָל און נאָכאמאָל.

---

# אינהאלט.